# האבּ איך מיר א לידעלע

236



ISBN:0-657-12225-4



פאַרלאַג

„קולטור-ליגע"

ווארשע

# האב איך מיר א לידעלע

איינס און איינס איז צוויי
צוויי און איינס איז דריי—
האָב איך מיר אַ לידעלע,
לידער־לידער־ליי.

(דער נסתר)



פאַרלאַג
„קולטור־ליגע"
וואַרשע

צייכענונגען און וויניעטן פון יוסף טשייקאוו,
אליעזר ליסיצקי, ישכר בער ריבאק,
מארק שאגאל און ארטור שיק

געדרוקט אין דריי טויזנט עקזעמפלארן

ווארשע, אין טויזנט ניין הונדערט
צוויי און צוואנציקסטן יאר / תרפ״ב /

PIOSNKI DLA DZIECI. Wyd. „KULTUR-LIGE“, Warszawa, 1922

Druk. I. Hendlera, Warszawa, Długa 26.

# אונטער יענקעלעס וויגעלע.

אונטער יענקעלעס וויגעלע
שטייט אַ קלאָר־ווייס ציגעלע,
דאָס ציגעלע איז געפאָרן האַנדלען
ראָזינקעס מיט מאַנדלען.
דאָס איז די בעסטע סחורה,
יענקעלע וועט לערנען תּורה,
תּורה וועט ער לערנען,
ספרים וועט ער שרייבן,
אַ גוטער ייִד, אַ פרומער ייִד
וועט יענקעלע בלייבן.



# פייגעלע, פייגעלע.

פייגעלע, פייגעלע!
— פּי־פּי־פּי!
ווּ איז דער טאַטע?
— נישטאָ היי!
ווען וועט ער קומען?
— מאָרגן פרי!
וואָס וועט ער ברענגען?
— עפּעלעך פּיר.
ווּ וועט ער זיי לייגן?
— הינטער דער טיר!
ווער וועט זיי עסן?
— איך מיט דיר!



## איינס, צוויי, דריי.

איינס, צוויי, דריי,
אָזער, ליזער, לאָי,
אָקן, באָקן,
ביידע גלאָקן,
צירל, פערל,
דוקס אַרויס,
דוקס אַרויס!

# משֶה רַבֵּנוס קיִעלע:

משה רַבֵּנוס קיִעלע,
זעץ זיך אויף מיין קניִעלע,
מאַך זשע נישט קיין טומל
און פלי זיך גלייך אין הימל!



## פּאַטש־זשע פּאַטש־זשע קיכעלעך!

פּאַטש־זשע, פּאַטש־זשע קיכעלעך,
דער טאַטע וועט קויפן שיכעלעך,
די מאַמע וועט קויפן זעקעלעך —
יענקעלע וועט האָבן רויטע בעקעלעך!



# גאט, גאט, גיב א רעגן.

גאָט, גאָט,
גיב אַ רעגן
פון די קליינע
קינדערס וועגן!

אי ביטאָג,
אי בײנאַכט.
אַלע לאָדן
צוגעמאַכט,

נישט קיין סך,
נישט קיין ביסל,
נאָר אַ פולע שיסל.

## אויפן הויכן באַרג.

אויפן הויכן באַרג
און אויפן גרינעם גראָז
שטייען אַ פּאָר דייטשן
מיט די לאַנגע בייטשן.
הויכע מענער זיינען זיי,
קורצע קליידער טראָגן זיי,
פייגן אין די טאַשן,
מעד אין די פלאַשן,
ביר אין די קריגעלעך,
קינדער אין די וויגעלעך,
שרייען, ווי די ציגעלעך:
מע, מע, מע!...

# עלע, מעלע, יאסקע.

עלע, מעלע, יאָסקע,
אַ שוואַרצע כּלה האָסטו,
רויטע שיכעלעך גייט זי,
אונטער אַ ביימעלע שטייט זי.
צו וואָס שטייט זי אונטער אַ ביימעלע?
— בלעטעלעך צו רייסן!
צו וואָס טויג איר בלעטעלעך?
— קיִעלעך צו שמייסן!
צו וואָס טויג איר קיִעלעך?
— מילך אָפּצומעלקן!
צו וואָס טויג איר מילך?
—קינדערלעך צו געבן!
צו וואָס טויג איר קינדערלעך?
—אַ נחת צו דערלעבן!

# ציפּ, צאַפּ, עמערל.

ציפּ, צאַפּ, עמערל!
קום צו מיר אין קעמערל,
כ'וועל דיר עפּעס ווייזן —
שיסעלעך פון אייזן,
מילך אין די קריגעלעך,
קינדער אין די וויגעלעך.
העלץ וועלן מיר האַקן,
בולקעס וועלן מיר באַקן,
טרינקען וועלן מיר ווייַן,
פריילעך וועלן מיר זייַן.
ווייַן וועלן מיר טרינקען,
לידער וועלן מיר זינגען,
קרעפּלעך וועלן מיר עסן,
גאָט וועלן מיר ניט פאַרגעסן.



# שלאָף, שלאָף, שלאָף!

שלאָף, שלאָף, שלאָף,
דער טאַטע וועט קומען פון דאָרף,
וועט ער ברענגען אַן עפּעלע,
וועט זיין געזונט דיין קעפּעלע.

שלאָף, שלאָף, שלאָף,
דער טאַטע וועט קומען פון דאָרף,
וועט ער ברענגען אַ פייגעלע,
וועט זיין געזונט דיין אייגעלע.

שלאָף, שלאָף, שלאָף,
דער טאַטע וועט קומען פון דאָרף,
וועט ער ברענגען אַ העזעלע,
וועט זיין געזונט דיין נעזעלע.

שלאָף, שלאָף, שלאָף,
דער טאַטע וועט קומען פון דאָרף,
וועט ער ברענגען אַן ענטעלע,
וועט זיין געזונט דיין הענטעלע.

שלאָף, שלאָף, שלאָף,
דער טאַטע וועט קומען פון דאָרף,
וועט ער ברענגען אַ ניסעלע,
וועט זיין געזונט דיין פיסעלע.

# איינס א ניסל!

איינס — אַ ניסל,
צוויי — אַ צווילינג,
דריי — מזומן,
פיר — רעדער,
פינף — פינגער,
זעקס — קינדער,
זיבן — געקליבן,
אַכט — געטראַכט,
נייז — גראַד,
צען — געזען,
עלף — אַ כּגר,
צוועלף — אַ זייגער,
דרייצן — בייטשן,
פערצן — שערצן,
פופצן גראָשן איז
אַ האַלבער גילדן.

# קומט דער ליבער זומער.

קומט דער ליבער זומער, זומער,
שפּילן מיר אין זאַמד;
וווּ ס'איז אונזער וווינונג,
דאָרט איז אונזער לאַנד.

שוואַרצע קאַרשן רייסן מיר,
רויטע לאָזן מיר שטיין,
מאַמע רופט אין שטוב אַריין,
עס ווילט זיך גאָרניט גיין.



## באַראַבאַן, באַראַבאַן!

באַראַבאַן, באַראַבאַן!
גלאָקן קלינגען, גלאָקן קלינגען!
וועמעס קינדערלעך פאַרן דאָס?
דעם קיסרס, דעם קיסרס!
אין וואָס גייען זיי אָנגעטאָן?
אין גאָלד און אין זילבער!
אויף וואָס טוען זיי רייטן?
אויף שאָף און אויף רינדער!
אויפן אויוון זיצן זיי,
אונטערן אויוון שוויצן זיי,
שוועבעלעך רייבן זיי,
קאַטשקעלעך פאַרטרייבן זיי,
אין חלשות בלייבן זיי!

## שפּילן מיר אין קעסטעלעך.

שפּילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך,
גייט אַרויס אַ הון.
— הון, הון, וואָס גיסטו צו?
— איך גיב אַן איי.
שפּילן מיר ווייטער אַזוי.

שפּילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך,
גייט אַרויס אַ האָן.
— האָן, האָן, וואָס גיסטו צו?
— איך גיב מיין קריי!

דעם האָנס קריי,
דער הונס איי,
שפּילן מיר ווייטער אַזוי.

שפּילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך,
גייט אַרויס אַ גאַנז.
— גאַנז, גאַנז, וואָס גיסטו צו?
— איך גיב אַ גאַ-גאַ-גאַ!

דער גאַנדז גאַ־גאַ־גאַ,
דעם האָנס קריי,
דער הונס איי,
שפּילן מיר ווייטער אַזוי.

שפּילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך,
גייט אַרויס אַן אינדיק.
— אינדיק, אינדיק, וואָס גיסטו צו?
— איך גיב אַ האָלדער־באָלדער!

דעם אינדיקס האָלדער־באָלדער,
דער גאַנדז גאַ־גאַ־גאַ,
דעם האָנס קריי,
דער הונס איי,
שפּילן מיר ווייטער אַזוי.



# משֶה מוֹרָשֶה אויף יענער וועלט.

משֶה מוֹרָשֶה אויף יענער וועלט,
וואַרף מיר אַראָפּ אַ זעקעלע געלט!
— צו וואָס טויג דיר אַ זעקעלע געלט?
צו קויפן אַ פערד און וועגעלע!
— צו וואָס טויג דיר אַ פערד און וועגעלע?
שטיינדעלעך צו פירן!
— צו וואָס טויג דיר שטיינדעלעך?
אויפצומויערן אַ בֵּית־הַמִקְדשל!
— צו וואָס טויג דיר אַ בֵּית־הַמִקְדָשל?
אַריינצוטרעטן
און גאָט צו בעטן!



# זיצז, זיצן זיבן קינדער.

זיצן, זיצן זיבן קינדער
ביי אַ קוואַל און ברונען,
ביי אַ קוואַל און ברונען.
זאָגט איינער צו דעם אַנדערן:
— וואָלט מיין טאַטע קומען,
וואָלט מיין טאַטע קומען —
וואָלט איך זיך פאַרשטעלט פאַר אַ האָז,
וואָלט איך געשפרונגען איבערן גראָז,
וואָלט מיר ווויל באַקומען,
וואָלט מיר ווויל באַקומען!

זיצן, זיצן זיבן קינדער
ביי אַ קוואַל און ברונען,
ביי אַ קוואַל און ברונען.
זאָגט איינער צו דעם אַנדערן:
— וואָלט מיין טאַטע קומען,
וואָלט מיין טאַטע קומען —
וואָלט איך זיך פאַרשטעלט פאַר אַ בער,
וואָלט איך געשפרונגען הין און הער,
וואָלט מיר ווויל באַקומען,
וואָלט מיר ווויל באַקומען!

זיצן, זיצן זיבן קינדער
ביי אַ קוואַל און ברונען,
ביי אַ קוואַל און ברונען.
זאָגט איינער צו דעם אַנדערן:
—וואָלט מיין טאַטע קומען,
וואָלט מיין טאַטע קומען, —
וואָלט איך זיך פאַרשטעלט פאַר אָ קאַץ,
וואָלט איך געשפּרונגען איבערן פּלאַץ,
וואָלט מיר ווויל באַקומען,
וואָלט מיר ווויל באַקומען!

זיצן, זיצן זיבן קינדער
ביי אַ קוואַל און ברונען,
ביי אַ קוואַל און ברונען.
זאָגט איינער צו דעם אַנדערן:
— וואָלט מיין טאַטע קומען,
וואָלט מיין טאַטע קומען, —
וואָלט איך זיך פאַרשטעלט פאַר אַ הון,
וואָלט איך געפלויגן אַהער און אַהין,
וואָלט מיר ווויל באַקומען,
וואָלט מיר ווויל באַקומען!

# אַ מאָל איז געווען אַ מַעשֶׂה.

אַמאָל איז געווען אַ מַעשֶׂה,
די מַעשֶׂה איז גאָרניט פריילעך.
די מַעשֶׂה הויבט זיך אָנ׳עט
מיט אַ יִידישן מֶלֶך.

אַ מאָל איז געווען אַ מֶלֶך,
דער מֶלֶך האָט געהאַט אַ מַלכָּה,
די מַלכָּה האָט געהאַט אַ ווײַנגאָרטן.

דער ווײַנגאָרטן האָט געהאַט אַ בוים,
דער בוים האָט געהאַט אַ צווייג,
דער צווייג האָט געהאַט אַ נעסטעלע.

די נעסט האָט געהאַט אַ פייגעלע,
דאָס פייגעלע האָט געהאַט אַ פליגעלע,
דאָס פליגעלע האָט געהאַט אַ פעדערל.

דאָס פעדערל האָט געהאַט אַ קישעלע,
דאָס קישעלע האָט געהאַט אַ מֶלֶך,
דער מלך האָט געהאַט אַ מַלכָּה.

דער מֶלֶך איז אָפּגעשטאָרבן,
די מַלכָּה איז געוואָרן פאַרדאָרבן,
דער בוים איז אָפּגעבראָכן,
דאָס פייגעלע פון נעסט אַנטלאָפן.

# האָט הַשֵׁם יתבָּרֵך!

האָט הַשֵׁם יתבָּרֵך אַראָפּגעשיקט
אַ ביימעלע אַראָפּ, אַ ביימעלע אַראָפּ,
ביימעלע זאָל באַרעלעך וואַקסן,
ביימעלע וויל ניט באַרעלעך וואַקסן,
באַרעלעך ווילן ניט פאַלן.

האָט הַשֵׁם יתבָּרֵך אַראָפּגעשיקט
יעקעלען אַראָפּ, יעקעלען אַראָפּ,
יעקעלע זאָל באַרעלעך רייסן, —
יעקעלע וויל ניט באַרעלעך רייסן,
באַרעלעך ווילן ניט פאַלן.

האָט הַשֵׁם יתבָּרֵך אַראָפּגעשיקט
אַ הינטעלע אַראָפּ, אַ הינטעלע אַראָפּ,
הינטעלע זאָל יעקעלען בייסן, —
הינטעלע וויל ניט יעקעלען בייסן,
יעקעלע וויל ניט באַרעלעך רייסן,
באַרעלעך ווילן ניט פאַלן.

האָט הַשֵׁם יתבָּרֵך אַראָפּגעשיקט
אַ שטעקעלע אַראָפּ, אַ שטעקעלע אַראָפּ,
שטעקעלע זאָל הינטעלע שלאָגן, —
שטעקעלע וויל ניט הינטעלען שלאָגן,
הינטעלע וויל ניט יעקעלען בייסן,
יעקעלע וויל ניט באַרעלעך רייסן,
באַרעלעך ווילן ניט פאַלן.

האָט הַשֵׁם יתבָּרֵך אַראָפּגעשיקט
אַ פייערל אַראָפּ, אַ פייערל אַראָפּ,
פייערל זאָל שטעקעלען ברענען, —
פייערל וויל ניט שטעקעלען ברענען,
שטעקעלע וויל ניט הינטעלען שלאָגן,
הינטעלע וויל ניט יעקעלען בייסן,
יעקעלע וויל ניט באַרעלעך רייסן,
באַרעלעך ווילן ניט פאַלן.

האָט השם יתברך אַראָפּגעשיקט
אַ וואַסערל אַראָפּ, אַ וואַסערל אַראָפּ,
וואַסערל זאָל פייערל לעשן, —
וואַסערל וויל ניט פייערל לעשן,
פייערל וויל ניט שטעקעלע ברענען,
שטעקעלע וויל ניט הינטעלען שלאָגן,
הינטעלע וויל ניט יעקעלען בייסן,
יעקעלע וויל ניט באַרעלעך רייסן,
באַרעלעך ווילן ניט פאַלן.

האָט השם יתברך אַראָפּגעשיקט
אַן עקסעלע אַראָפּ, אַן עקסעלע אַראָפּ,
עקסעלע זאָל וואַסערל טרינקען, —
עקסעלע וויל שוין וואַסערל טרינקען,
וואַסערל וויל שוין פייערל לעשן,
פייערל וויל שוין שטעקעלע ברענען,
שטעקעלע וויל שוין הינטעלע שלאָגן,
הינטעלע וויל שוין יעקעלען בייסן,
יעקעלע וויל שוין באַרעלעך רייסן,
באַרעלעך ווילן שוין פאַלן,
באַרעלעך ווילן שוין פאַלן.

# אין אַ קלײנעם שטיבעלע!

אין אַ קלײנעם שטיבעלע
װױנט אַן אַלטע ייִדענע
מיט אירע זיבן קינדער —
אַלע אויף בייז װוּנדער:
מיט אַזױנע נעזער,
מיט אַזױנע אויגן,
מיט אַזױנע אויערן,
מיט אַזױנע קעפּ,
מיט אַזױנע האָר,
מיט אַזױנע בערד,
מיט אַזױנע בײכער,
מיט אַזױנע רוקנס,
מיט אַזױנע זײטן,
מיט אַזױנע פיס,
מיט אַזױנע הענט,

גאָרנישט ניט געגעסן,
גאָרנישט ניט געטרונקען,
נאָר זיי טאַנצן, שפּרינגען,
לידער נאָר זיי זינגען:
פון אַזאַ מַכַשֵׁף,
פון אַזאַ מַכשֵׁפֶה,
פון אַ קורצן נָתן,
פון עוג מֶלֶך הַבָּשן...
איניינעם, קינדער, שפּילן מיר,
איניינעם, קינדער, טאַנצן מיר,
איניינעם, קינדער, זינגען מיר,
— וואָס?
— אלידעלע!

# אויפן פריפעטשיק ברענט א פייערל.

אויפן פריפעטשיק ברענט אַ פייערל,
און אין שטוב איז הייס,
און דער רֶבִּי מיט די קליינע קינדערלעך
לערנט אַלֶף־בֵּית.

זעט־זשע, קינדערלעך, געדענקט־זשע, טייערע,
וואָס איר לערנט דאָ;
זאָגט־זשע נאָך אַמאָל, און טאַקע נאָך אַמאָל:
קָמֶץ אַלֶף — אָ!



# א ציגעלע.

דער טאַטע האָט אַ ציגעלע
פון ערגעץ־ווו געבּרענגט, —
פאַר צוויי גילדוין אַ ציגעלע
די קינדערלעך געשענקט.
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין אַ ציגעלע.



# קינדער.

קינדער!

ווער פון אייך וועט מיר ווייזן —
וויפיל רעדער האָט אַ וואָגן?
וויפיל ווינקלען האָט אַ הויז?
וויפיל אויגן האָט אַ מויז?
וויפיל פינגער האָט אַ האַנט?
וויפיל קאַנטן האָט אַ וואַנט?
וויפיל פיסלעך האָט אַ טיש?
וויפיל פלעדערן האָט אַ פיש?
וויפיל פליגלען האָט אַ האָן?
וויפיל זייטן האָט אַ פאָן?
וויפיל הערנער האָט אַ ציג?
וויפיל פיסלעך האָט אַ פליג?
וויפיל אַרבל האָט אַ רעקל?
וויפיל עקן האָט אַ שטעקל?
וויפיל טעג האָט אַ וואָך?
ווען שרייען קינדער: נאָך?

# אויפֿן הענטעלע.

פּפּו, פּפּו, פּפּו!
הינדעלע, הענדעלע,
קאָרן אין אַ פּענדעלע,
קאַשקע אַ ביסעלע,
גיסן אין שיסעלע,
שטעלן אויפֿן טישעלע,
גיבן דעם,
גיבן דעם,
גיבן דעם,
גיבן דעם,
גיבן אַלע זיי —
און דעם —
דאָס קעפּעלע אַ דריי!

## בּרייטעלע, בּרייטעלע.

בּרייטעלע, בּרייטעלע,
בּרייטעלע קלײן!
אַ בּרייטעלע זאָל דאָך קײלעכדיק זיין,
און אַצינד
געשווינט
אין אייוועלע אַריין!
גענוג אין אייוועלע געזעסן:
— האַם־האַם־האַם!
אויפגעגעסן.

# איינס און איינס!

איינס און איינס איז צוויי,
צוויי און איינס איז דריי, —
האָב איך מיר אַ לידעלע,
לידער־לידער־ליי.

זינג איך מיר דאָס לידעלע,
הויב איך עס מיר אָן:
אויף אַן אַלטן בוידעמל
האָט געוווינט אַ האָן.

בוידעמל אויף שטיבעלע,
און שטיבעלע איז קליין,
האָט אַן אַלטע באָבעלע
דאָרט געוווינט אַליין.



# בּרעטלעך קויף איך מיר.

בּרעטלעך קויף איך מיר פֿאַר געלט,
שלאָג זיי מיר צוזאַמען,
בּוי איך מיר אַ שיפעלע
צו פֿאָרן איבּער יַמען.
לאָז איך מיך אין וועג אַריין,
אין וועג אַריין אין ווייטן,
שפּרייט איך מיר אַ זעגל אויס,
אַ לאַנגן און אַ בּרייטן.
שפּרייט איך מיר אַ זעגל אויס,
בּלאָזט אויף אים דער ווינט, —
ווינט, דו ווינט, מיין שיפל טראָג!
צו יענעם בּרעג, געשווינט!

## דאס אייעלע.

איז געווען אַ באַבעטשע
מיט הינדעלע אַ ראַבעטשע,
ס'הינדעלע געלייגט אַן איי
אַ ווייס, ווי שניי.
האָט די באַבעטשע ס'געלייגט אויפן קישעלע—
איז געקומען דאָס מייזעלע —
אַ דריי מיטן עקעלע,
אַ קער מיטן פיסעלע
און פוך — אָ —
צעבראָכן דאָס איי.
די באַבעטשע וויינט
דער זיידע כליפעט,
דער טויער סקריפעט,
און די הון גייט אַרום און שרייט:
קוד-קו-דא! קוד-קו-דא!

## מֹשֶׁהלע, קוישעלע!

משֶׁהלע, קוישעלע, לאָמפּאַפּיר,
גייען גענזלעך אויף שפּאַציר.
שטייט אַ האָן אויף הויכן פּלויט
און זיין מיצל פייער־רויט.
ר'האָט אַ מאַנטל — סאַמע גאָלד,
און פון אונטן מיט אַ טראָלד,
טוט די גענז ער כָּבוֹד אָן.
קוקוריקו! שרייט דער האָן —
אַ גוט מאָרגן זאָגט ער זיי:
טוען זיי אויך אַ געשריי:
גו־גו־גו־גו, גוטן טאַ־אַך!
גוטן טאַך!
אַז סע ציטערט אַזש דער דאַך!

# איינס און צוויי.

איינס און צוויי און דריי און פיר —
כ'ווייס אַ הויז, וואָס אָן אַ טיר,
אָן אַ פענסטער, אָן אַ דאַך,
נאָר באַדעקט מיט סוכּה־סכך.
ווער־זשע וווינט אין יענעם הויז?
נישט קיין קאַץ און נישט קיין מויז,
נישט קיין נעסטל, נישט קיין גריל, —
ס'איז באַשטענדיק דאָרטן שטיל.
ווער גיט אַכטונג דאָרט דערויף?
נישט קיין פויגל, נישט קיין עוף,
קיין משוגענער, קיין הונט,
דאָרט קיין נאַכטלעגער געפינט.
דאָך ווער ווייסט פון יענעם הויז,
ווייסט דערפון די פלעדערמויז,
ווייסט דערפון דער שד ביינאַכט,
אָן אַ לאדן צוגעמאַכט.

# אויף דער הוידע.

וויג זיך, צעוויג זיך, מיין הוידע,
וויג זיך אַהין און צוריק...
פאַלט נישט אַראָפּ פונם ברעטל,
האַלט זיך נאָר פעסט פאַר די שטריק.

וויג זיך, צעוויג זיך, מיין הוידע,
וויג זיך אַהער און אַהין...
ס'וויגט זיך צוזאַמען דער הימל,
ס'וויגן די ביימלעך זיך גרין.

# גאט, גאט, גיב א רעגן!

גאָט, גאָט, גיבֿ אַ רעגן
פון די קלײנע קינדערס װעגן!
גיבֿ אין זכות פון קינדער קלײנע
װאַסער לױטערע און רײנע,
און צוליבֿ די קינדערס תּפֿילה
זאָלן קװאַלן פליסן קילע.
גאָט, גאָט, גיבֿ אַ רעגן
פון די קלײנע קינדערס װעגן!
װוּ אַ גראָז, אַ זאַנג אַ דאַרע
שיק זײ שפע פון דער כמאַרע,
און פון הימלס ליבע טרערן
זאָלן גרין די פעלדער װערן.



## צוויטשי, צוויטשי!

צוויטשי, צוויטשי, צוויטשעריי —
פרילינג קומט שוין אויף דאָס ניי.
פייגל גרויסע,
פייגל קליינע,
אַלע פריילעכע
און שיינע,
קומען מיט אַ צוויטשעריי,
מיטן פרילינג אויף דאָס ניי.

— פון וואַנען פליט איר, חברה־לייט?
— צוויטשי, צוויטשי, פון דער ווייט,
פון די לענדער,
פון די פעלדער,
פון די וואַרעמע
דרום־וועלדער.
צוויטשי, צוויטשי, פון דער ווייט,
צו אייך, קינדער, חברה־לייט.

# אויף א שמאלינק שטעגעלע!

אויף אַ שמאָלינק שטעגעלע,
צווישן גרינעם גראָז,
שפּרינגט אַ קליינינק פייגעלע, —
וווּנדער־שיין איז דאָס!
ווי אין זייד־געווענטעלעך
ס'פייגעלע געקליידט;
פליגעלעך ווי בענדעלעך,
בלוי און געל און רויט...
— פּי, פּי! קלינגט אַ ניגעלע,
בּרָכהלע צו גאָט;
פלאַטערט מיט אַ פליגעלע,
דרייט זיך אין אַ ראָד.
העכער, העכער, פייגעלע!
העכער הויב דיך אויף,
פון דיין שמאָלינק שטעגעלע
פלי צו גאָט אַרויף!...

# קינדער הערט!

קינדער, הערט! איר ווילט מיך פאָלגן,
זעט, ווי פריש עס איז דער סאָד!
נעמט זיך אַלע פאַר די הענטלעך,
לאָמיר גיין אַ קאַראַהאָד!
אָט אַזוי, און אָט אַזוי,
לאָמיר גיין אַ קאַראַהאָד!
וואָס זשע שטייסטו, ווי אַ גולם,
בערל, יאָסל, נו, געשווינט,
היי, אַ הויב די פיסלעך, עולם,
אַזש אַ פאָך טאָן זאָל אַ ווינט.
אָט אַזוי, און אָט אַזוי,
אַז אַ פאָך טאָן זאָל אַ ווינט.

כאַ-כאַ-כאַ! דער פויגל שרעקט זיך
און די ביימער קוקן אָן,
טאַנצט זשע האַסטיקער און יעדער
זאָל זיי ווייזן, וואָס ער קאָן.
איצט לאָזט לאַנגזאַמער די פיסלעך,
און שטעלט אָפּ די טאַנצעריי,
לאָמיר אָפּרוען צוביסלעך
און דערנאָכדעם אויף דאָסניי!
אָט אַזוי, און אָט אַזוי,
און דערנאָכדעם אויף דאָסניי.

# די בלויע פּאווע.

שניי און טייך האָט זיך צעגאָסן,
אַלע קוואַלן — אויפגעשלאָסן
מיטן גאָלדן־שטראַלן שליסל.

האָט די פרייד פון אַלץ גערונען,
און פון אַלע זיבן זונען —
פרייד אַ פולע שיסל.

האָבן וועסערלעך געזונגען,
האָבן וועלעכלעך געשפּרונגען
נאָך און נאָך אַביסל.

און פון מירמל־פּאַלאַץ שטילן,
און פון מירמל־פּאַלאַץ קילן,
פון דעם שניי און ווינטער־שאָטן —

און פון ווייסע דימענט־זאַלן,
און צו זילבערנע צו קוואַלן
ביז אַצינד פאַרשאָטן —

איז אַרויס פון פּאַלאַץ דאָרטן,
און פון ווינטערדיקן גאָרטן
איז אַרויסגעטראָטן.

איז אַרויס פון שייד פון אירן
פּאַווע ב ל ו י אין אַלע צירן
מיטן רעכטן קליינעם פיסל.

האָט די פרייד איר קלייד געשפּינען,
און פון אַלע זיבן זונען —
פרייד אַ פולע שיסל.

האָבן וואַסערלעך געזונגען,
האָבן וועלעכלעך געשפּרונגען
נאָך און נאָך אַ ביסל.

בלויע פּאַווע האָט דערהויבן
סרוינדל־קאָפּ צום הימל אויבן —
האָט נאָך ג ר ו י פון דעם געבלאָזן:

איז נאָך וואָלקן דאָרט געהאַנגען
איינגעקלעמט אין קאַלטע צוואַנגען,
ווינטערדיק פאַרלאָזן — ·

האָט די בלויע פּאַווע פריילעך
פאַר דעם הימל, דעם בֶּן־מֶלֶך,
עק אַרויסגעלאָזן!

און געגאַנגען, און געגאַנגען,
און געגאַנגען, און געגאַנגען,
כּרילינג־קרוינדל־קאָפּ פֿאַרריסן!

פון זיר בלויקייט אַן אַנציקטע,
פון איר בלויקייט אַ פאַרוויגטע
אין אַ טרוים אַ זיסן.

און געגאַנגען, און געגאַנגען,
ביז דעם הימל צו דערלאַנגען —
קאַנטשאַפּט אָפּצושליסן!



## פרילינג, פרילינג!

עס ציִען זיך, ציִען
פון הימל און פאַלן,
ווי גאָלדענע פעדים,
די וואַרעמע שטראַלן.

עס בליִען די ביימער,
עס שפּראָצן די בלומען,
צו אונז איז דער פרילינג,
דער פרילינג געקומען.

די פייגעלעך זינגען
אין וואַלד און אין טאָל,
עס הערן זיך לידער
אַרום אָן אַ צאָל.

די פישעלעך שווימען
אַרויף אויף די כוואַליעס —
זיי טאַנצן אין וואַסער,
זיי שפּרינגען, זיי קוועלן.

# אויף אַ בוים אין גרינעם וואַלד!

אויף אַ בוים אין גרינעם וואַלד
אַ ווונדערלעכער פויגל שאַלט:
טראַ-לאַ-לאַ, טראַ-לאַ-לאַ!

איז אַ יִנגל צוגעלאָפן,
און דער פויגל איז אַנטלאָפן:
טראַ-לאַ-לאַ, טראַ-לאַ-לאַ!

— וואָס אַנטלויפסטו? — ס'יִנגל שרייט —
נישט געוואָלט דיר טאָן קיין לייד:
טראַ-לאַ-לאַ, טראַ-לאַ-לאַ!

כ'בעט דיך, פויגל, פויגל, בלייב!
און דער פויגל: איך נישט גלויב!
טראַ-לאַ-לאַ, טראַ-לאַ-לאַ!

אויף אַ בוים אין גרינעם וואַלד
אַ ווונדערלעכער פויגל שאַלט:
טראַ-לאַ-לאַ, טראַ-לאַ-לאַ!

# ס'איז קיין בלעטלעך נאָך פאַראַנען.

ס'איז קיין בלעטלעך נאָך פאַראַנעז,
שטייען נאָך די ביימער מיד;
נאָר מיט פייגעלעך זיי זיינעז
שוין פון לאַנג, פון לאַנג צעבליט.

שוין פון לאַנג, פון לאַנג זיי וועקן
דער פאַרשלאָפן אַלטן וואַלד;
שפרינגען אין דער באָרד אים שנעקן,
און אים איז נאָך נאַס און קאַלט.

רייסט אַ פייגעלע זיך פרי אויס
און מיטלויפט צופרידן, וויל,
מיט אַ פריילעכס, מיט אַ נייעס,
מיט אַ לאַנגער שטרוי אין מויל.

## עפנט טירן!

עפנט טירן, קומט אין דרויסן,
רייסט די פענסטער, ברעכט זיי אויס,
נעמט אריין דעם גאַסט דעם גרויסן, —
קומט אַנטקעגן אים אַרויס:

ס'איז היינט יום-טוב אין די גערטנער,
אויף די גאַסן, אומעטום,
ס'איז היינט ליכטיק, זעט נאָר, הערט נאָר,
ווי עס טאַנצן ווינטן אום.

הערט נאָר, ווי די צווייגן טרישטשען,
און דער טייך, ווי שרייט און ברומט;
הערט נאָר פייפן, הערט נאָר סווישטשען —
קומט אין דרויסן, גיכער קומט!

# אַ ווייסע, ווייסע קאַטשקעלע.

אַ ווייסע, ווייסע קאַטשקעלע
באָדט זיך אינם טייך,
פּיקט זיך אינם העלזעלע,
פּיקט זיך אין אַ פליגעלע,
שטעקט דאָס ווייסע קעפּעלע
טיף און טיף אין טייך.
וואַרפט אַ קינד אַ שטיינדעלע,
מאַכט קאַטשקעלעך אויף טייך,
בולבען זיך די קאַטשקעלעך
און גולגען זיך אַ סך.
דערלאַנגט אַ וואַסער־קאַטשקעלע
דער אָמתער אין פּיסק,
כאַפּט זי אויף איר קעפּעלע,
כאַפּט די רויטע פּיסעלעך,
אַנטלויפט זי פליסק און פליסק.

# מיין מיל!

אויף אַ באַרג שטייט אַ מיל,
מאָלט זי שטענדיק קאָרן־מעל.
פאָרן פורן באַרג אַרויף —
מיט מעל.
פאָרן פורן באַרג אַראָפּ —
מיט מעל.

נאָר שבת און יום־טוב שטייט שטיל
די מיל.
קומט אַ פויגל פון וואַלד אַרויס
עפנט די פליגל און שפּרייט זיי אויס
איבער גאַנצן באַרג און איבער דער גאַנצער
מיל גרויס,
און רופט און שרייט אויס:

מיין מיל!
מיין מיל!
מיין מיל!
מיין מיל!

## פאַר די הענטלעך!

פאַר די הענטלעך אין די רינגען
קליינע שיינע קינדער זינגען:
— גאָט געטרייער, גיב אַ רעגן,
פון די קליינע קינדערס וועגן!

ווייזט אַ וואָלקן זיך פון אויבן,
נעמען זיך די פעלדער שטויבן,
און ווי פערל רעגן-ריין,
טריף-טראָפּ, טריף-טראָפּ — הויבט אָן גיין.

נעמען זיך די פעלדער שפּרייטן,
פריש צעאַקערטע אין בייטן —
ווערן גרינע קאָרן-זאַנגען
אויף די פעלדער אויפגעגאַנגען,

נעמט אַ טוי אויף זיי צופאַלן,
וואַרעמט זיי די זון מיט שטראַלן:
ווערן פעלדער געל, ווי גאָלד,
פול מיט קאָרן, ריינעם-גאָלד.

קומען שניטער מיט די מעסער,
איינס פון צווייטן שאַרפער, גרעסער,
שניידן שניטער, שניידן, זינגען,
אַזש די שאַרפע מעסער קלינגען.

אַזש די פעלדער ווייט פאַרשטאַרבן;
און דעם קאָרן אין די גאַרבן
לייגן זיי אין סקירדעס אויס,
ביז צום הימל הויך און גרויס.

נעמען פולע פורן פאָרן,
פורן פאָרן, פירן קאָרן
דורך די בערג און דורך די טאָלן
אין די מילן אויסצומאָלן,

הויבן אָן די ווינטן ווייען,
און די מילן־פליגלען דרייען;
מאָלן מילן, מאָלן שנעל
פון דעם קאָרן ווייסע מעל.

נעמט דער בעקער מעל מיט הייוון
און פאַרהייצט זיין גרויסן אויוון.
ברענט דאָס פייער, שייטלעך קנאַקן,
נעמט דאָס ברויט זיך בעסער באַקן.

קויפן מאַמעס ברויט דעם פרישן
און דערלאַנגען אויף די טישן:
עסן קינדער פרישן ברויט, —
זיינען זיי געזונט און רויט.



# ווי עס קומט דער ליבער זומער!

ווי עס קומט דער ליבער זומער,
קומען שוועלבעלעך פון ווייט,
בליט דער קאַרשנבוים אין גאָרטן —
איז פאַר אונז די בעסטע צייט.

ווי עס קומט דער ליבער זומער,
איז אַ פרייד אין גאַנצן לאַנד,
שפּילן מיידעלעך אין צייכנס,
שפּילן יינגעלעך אין זאַמד.

ווי עס קומט דער ליבער זומער,
קומט אַ יום־טוב אויף דער וועלט,
טאַנצט דאָס לעמעלע פאַר נחת,
זומט דאָס בינעלע און קוועלט.

## זון אין הימל!

זון אין הימל! זון אין הימל!
שיק אונז, שיק אונז ליכט אַ סך,
ליכט אויף בערג און ליכט אין גריבער,
ליכט אין שטוב ווי אויפן דאַך.

זון אין הימל! שיק דיין ליכט אונז
פאַר דעם פויגל אויפן צווייג,
פאַר דעם לעמעלע אין שטעלכל
פאַר דער הינדעלע אין שטייג.

שיק דיין ליכט פאַר אַלץ, וואָס אָטעמט
אין דער שטאָט און אויפן פעלד,
פאַר די מענטשן, פאַר די גראָזן,
פאַר דער גאַנצער, גרויסער וועלט.

## וויין נישט, וויין נישט!

וויין נישט, וויין נישט, ליאַלקעלע,
וויין נישט, טייער קינד!
כ'שטיי דאָ ביי אַ באַלקעלע,
כ'וואַש דיר וועש אַצינד!

כ'ווייק=איין העמד און לייבעלע,
כ'ווייק דיין שערצל איין,
טיכעלע און הייבעלע —
ריין מוז אַלצדינק זיין!

כ'דריי=אויס נאָך אַ שטיקעלע —
ווידער אַלצדינק ריין;
כ'הענג=אויס אויף אַ שטריקעלע, —
וועש געוואַשן שיין!

הייס דער טאָג, אַ זונענשיין:
טריקנט זיך געשווינט!
באַלד וועט אַלץ שוין טרוקן זיין –
כ'מאַך אַ פּרעס אַצינד!

פּרעסל, פּלעט דאָס העמדעלע,
לויף אַהין — אַהער;
גלעט-צו יעדעס קנייטשעלע,
גלייך=אויס קרום און קווער!..

# קויפט, קויפט קונים!

קויפט, קויפט, קונים,
איך האָב אייך צו פאַרקויפן:
אַ פערדעלע, אַ וועגעלע,
אויף רייטן און אויף לויפן.

קומט, קומט, קונים!
מיר וועלן זיך נישט דינגען:
כ'האָב מענטשעלעך, פּאַיאַצעלעך,
וואָס ברעכן זיך און שפּרינגען.

פּאַיאַצעלעך און שמענדריקלעך,
מיט קאָלפּעקלעך און גלעקעלעך,
מיט רויטע, ברייטע הייזעלעך,
מיט אָנגעפאַרבטע בעקעלעך.

כ'האָב הינדעלעך און קאַטשקעלעך
און וועווריקלעך און האָזן,
כ'האָב פייגעלעך און פייפעלעך,
פאַכירלעך אָנצובלאָזן.

כ׳האָב פידעלעך און צימבעלעך,
כ׳האָב פויקן און טרומייטן.
איר קריגט זיי נישט אין ערגעץ נישט
אין אלע מערק און קלייטן.

טאָ קומט-זשע, קומט-זשע, קונימלעך,
באַקאַנטשאַפט מיט מיר מאַכן;
כ׳האָב צאַצקעלעך און שפּילעכלעך
און אַלע גוטע זאַכן.



# איך קען אַ קלײנינק ייִנגעלע!

איך קען אַ קלײנינק ייִנגעלע
מיט ראָזע, װײכע בעקעלעך,
די הערעלעך צעפלאַמענע,
זײ הענגען, װי די גלעקעלעך.
צעװײנט זיך װען דאָס ייִנגעלע,
פאַרטרערט ער זײנע אײגעלעך,
דערצײל איך אים אַ מעשׂהלע
פון װײסע, בלויע פײגעלעך.
אַנטשװיגן װערט דאָס ייִנגעלע,
ער װישט זיך אויס די אײגעלעך
און װאַרט, אַז ס'זאָלן קומען באַלד
די קלײנע װײסע פײגעלעך.



# די זיידעס מיט די באָבעס!

די זיידעס מיט די באָבעס
קומען פון אַלע עקן,
מיט די גרויסע טאָרבעס,
מיט די לאַנגע שטעקנס.

און די קינדערלעך, וואָס וויינען,
ווילן גוט ניט זיין, —
אין די גרויסע טאָרבעס
כאַפּן זיי אריין.

נאָר גוטע שטילע מיידעלעך
איז זיי שטאַרק געפעלן,
שענקען זיי די מיידעלעך
שניר עלעך קאַרעלן.

און ווילע פרומע יינגעלעך ]
האָבן זיי שטאַרק האָלד, —
שענקען זיי סידורימלעך,
איינגעפּאַסט אין גאָלד.

## יענקעלע וויל אַ יעגער זיין!

יענקעלע וויל אַ יעגער זיין,
יענקעלע וויל אין וואַלד אַריין,
שיסן וויל ער גאָר אַ בער, —
ווּ נעמט מען געווער?

אונזער יענקעלע דערזעט:
אין ווינקעלע אַ בעזים שטייט,
מיטן בעזים וועט ער יאָגן
און אַ גרויסן בער דערשלאָגן!

ער קאָן אין שטוב שוין מער ניט בלייבן
וויל דעם בעזים אונטערהויבן,
שווערער בעזים קערט זיך איבער,
און דער יעגער פאַלט אַריבער.

נישט קיין בער און נישט קיין האָז,
און צעשלאָגן זיך די נאָז!
ער וויל שוין ניט אין וואַלד אַריין,
ער וויל שוין ניט קיין יעגער זיין!

## ס'איז דער הארבסט געקומען.

ס'איז דער האַרבסט געקומען,
ס'וועלקן בוים און בלום,
געלע בלעטער, זע איך,
וואַלגערן זיך אום.

ס'קומט אַ ווינט אַ קאַלטער,
פייפט אַ לידל צו,
און די אָרעמע בלעטער
האָבן ניט קיין רו.

הויבן זיך און טאַנצן
טויטערהייט, אָן מאַכט,
און דער ווינט, דער בייזער,
פייפט און שפּילט און לאַכט...

# נאָכן זומער קומט דער ווינטער.

נאָכן זומער קומט דער ווינטער,
קומט דער ווינטער און באַשפּינט ער
שטיבער, באַרג און מאַרק און פליייט
אין אַ שניייִק־ווייסן קלייד.
חברה לויפן אויף די גליטשן,
מאַכן קונצן, הילכן, קוויטשען,
און דער אייז איז בלוי און ווייך,
ווי דער הימל אין דער הייך.
שקאָצים אין די גרויסע היטלעך
פליִען באַרג־אַראָפּ אויף שליטלעך
מיט אַ פייף און אַ געשריי,
קוליע, קוליע — און אין שניי.
ייִנגלעך ראָיען זיך און שלעפן,
קייקלען קלעצער שניי און קלעפן
פּעטער שנייערס גוט און ווויל,
מיט אַ נאָז און מיט אַ מויל.

# מומעשי=עַיִן־הָרֶע.

אין אַ בוים מיט צווייגן קרומע
מיט אַ טונקל=גרויער קאָרע
וווינט די אַלטיטשקע, די מומע
מַכשֵׁפָה — די עַיִן=הָרֶע.
גרויע ווינטער=האָר צעפּאַטלט
מיט די אויגן שווערע, גרינע —
זיצט זי אינם בוים און בַטלט
מיט די שלעכטע ליפּן דינע.
אויסגערעדט און אויסגעשאָלטן,
אויסגעזידלט וואַלד און רוישן —
קלייבט זי ניסעלעך געשפּאָלטן
פון די גרויסע, גרויסע קוישן.
קלייבט פאַרשימלטע און ביטער —
מיטן גאָמבעלע אַ טרייסל,
גיט פאַר ביטערקייט אַ ציטער,
און זי שטויסט זיי אין אַ שטייסל.

שטויסט מיט אימפּעט גרויס און פלייסיק,
און צעריבן, און צעשטויסן —
נעמט זי פלעשלעך דריי און דרייסיק
פון דעם אַלמער פון דעם גרויסן.
מישט ס׳געשטויסענע צוזאַמען
מיטן ווערסערל מיט נאַסן —
און ס׳באַווייזן זיך איר פלאַמען
אינם פּנים, אינם בלאַסן:
— אַי, אַ בוימל גוט און טייער!
דאַרף מען נאָר פון דעם אַ טראָפּן —
וואַרפט עס שוין אין היץ און פייער,
טוט אַ מעגעלע פאַרשטאָפּן!
נאָר איין טראָפּן וועט שוין סטייען
מיט אַ קאַטער אָנצושטעקן —
וועלן קינדערלעך שוין שרייען,
און דערשראָקן — אַלע שרעקן...

# פעטער שנייער.

פֿוך און פֿוך און ווידער פֿוך,
מיט אַ ווייסן קלאָרן טוך
דעקט זיך איין דאָס שטעטל:
היי, דער פעטער שנייער פֿאַלט,
אויפֿן פעלד און אויפֿן וואַלד
בעט ער אויס זיין בעטל.
ס'שיט דער קאַלטער שניי און שיט,
ס'האָט דער אַלטער וואַלד פֿאַרלביט
פֿול מיט ווייסע בליטן,
יעדער צווייגל שימערט, גליט,
פעטער שנייער ווערט ניט מיד,
ווערט ניט מיד צו שיטן.
ערד און הימל שטייען קלאָר,
מער ניט ראָבן שוואַרצע נאָר
פֿליִען אום אין מיטן,
זאָגן אָן אויף יעדן אָרט,
אַז דער פעטער שנייער פֿאָרט
אויף זיין גרויסן שליטן.

# שניי-טייבעלעך.

שניי און שניי און שנייעלעך,
פּיצינקעלעך, טייבעלעך,
פליִען, פליִען, זעצן זיך
אויף דער גראָער וועלט.
ווערט די וועלט אַ ווייסינקע,
פול באַזעצט מיט טייבעלעך,
שניי און שניי און שנייעלעך,
פרישינקע, ווי קעלט.

גיי איך—שפּרינגען טייבעלעך,
לויף איך — פליִען טייבעלעך.
שניי און שניי און שנייעלעך —
מיך פאַרדרייען זיי.
אוי, אַ שאָד צו רירן זיי!
אוי, אַ שאָד צעטרייבן זיי!
שטיי איך בעסער, ריר זיך נישט —
ס'טוט מיר האַרציק וויי.

# אינהאַלט:

